# א בער איז געפלויגן

מײַסעלאַך פון י. קיפּניס

# כיראן דער בעטלער
# און עריק דער שמיד

כיראן דעם בעטלער האבן אלע קינדערלאך אין גאס געקענט. אזא נאטור האט ער געהאט, כיראן דער בעטלער: גיט מען אים עסן, ווארפט ער אריין אין מויל אריין. גיט מען אים טרינקען, גיסט ער אריין אין מויל אריין. גיט מען אים עפעס אזוי, ווארפט ער אינגאנצן אוועק. א טארבע האט ער געטראגן נאר לעפאנים וועגן, איז זי טאקע בא אים שטענדיק א ליידיקע געהאנגען.

די קינדערלאך האבן געוואוסט פון כיראנען א סאך מייסעס דערציילן. איינער דערציילט, אז כיראן איז סאמע דער געזונטסטער מענטש. אפילע עריקן דעם שמיד קען ער מיטן קלענסטן פינגערל איינעמען. א צווייטער דערציילט, אז כיראן האט יונגערהייד זיך געשלאגן אין גאס מיט א בער, האט ער געגעבן א זעץ דעם בער אין דער לאפאטקע, איז דער בער אוועק געהינקען אף דריי פיס מיט א דעווארייע און שלעפט זיך די גאנצע צייט אום אין וואלד און רייצט אלע בערעס אף כיראנען. האט זיך טאקע כיראן מוירע ווייזן אין וואלד אריין.

פאַרוואָס איז ער אַזאַ געזונטער, כיראָן, איז זיך שווער צו דערוויסן. אַנדערע זאָגן, אַז אַזאַ באַקצאָן האָט ער אין מויל, איז די גאַנצע גוואורע וואַקסט בײַ אים פון באַקצאָן. און אַנדערע זאָגן, בײַ אים אין טאָרבע איז וואָס אײַנגענייט, דערפאַר טוט ער זי קיין מאָל ניט אויס.

עריקן דעם שמיד האָט שטאַרק פאַרדראָסן פאַרוואָס ער קען כיראָנען דעם בעטלער ניט בײַקומען.

— ווען דו ברעכסט אים אויס דעם באַקצאָן — זאָגט ווער צו עריקן — וואָלסטו אים געקאָנט אײַננעמען.

ווי אַזוי זשע ברעכט מען אים אויס דעם באַקצאָן?

האָט עריק געקלערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט, און האָט באַקלערט: גענומען אויסגעפּלעסקעט אין קוזניע אַן אײַזן ברויטעלע, געהייסן דער ווײַב, האָט זי אַרומגעלייגט מיט וואַרימער קאָרענער פּלעצל, און וואַרט, אַז כיראָן דער בעטלער זאָל אָנקומען.

ערשט ער גייט. גיט אים עריק דאָס ברויטעלע.

— נאַ, כיראָן, עס, ס'איז גוט.

יענער זעט אַ קאָרענע פּלעצל אַ וואַרימס, אַרײַנגעוואָרפן אין מויל אַרײַן — כראָם! — צעבראָכן אַ צאָן.

— הײַנט — זאָגט דער שמיד — קום זיך שלאָגן.

גענומען אים יענער מיטן קליין פינגערל, איז עריק פאַרפלויגן געוואָרן איבער צען הײַזער.

געקומען עריק אַהיים מיט אַ קאַס און זיך גענומען קריגן מיט דער ווײַב.

זאָגט די ווײַב:

— הײַנט זעסטו דאָך, אַז די גאַנצע גוואורע איז בײַ אים אין טאָרבע.

ווי אַזוי זשע נעמט מען זי בײַ אים אַראָפּ? האָט עריק גע־
קלערט אַ טאָג מיט אַ נאַכט, און נאָך אַ טאָג און נאָך אַ נאַכט,
און האָט באַקלערט.

געגומען באַם ווײַב געלט, געקויפט אַ פּאַס שטאַרקן ווײַן
און וואַרט דער בעטלער זאָל אָנקומען.

ערשט ער גייט.

נעמט עריק אָן אַ קוואָרט ווײַן:

— נאַ!

זעט דער בעטלער — מע טרינקט עס, און אַרײַנגעגאָסן אין
מויל אַרײַן.

— נאַ נאָך.

אַרײַנגעגאָסן אין מויל אַרײַן.

אַזוי געגעבן און אַרײַנגעגאָסן, געגעבן און אַרײַנגעגאָסן —
ביז די פּאַס האָט גענומען טרוקענען, און בײַ כיראַנען די אויגן
קלעפּן זיך, און מיט דער לעצטער קוואָרט ווײַן איז אַזוי דער
בעטלער שטייענדיק אַנשלאָפן געוואָרן.

האָט גענומען עריק אַזוי אינדערגיך אַראָפּגעכאַפּט די טאָרבע,
אַרײַנגעוואָרפן אין אויוון. אין טאָרבע איז אַמאָל זאַלץ געווען,
האָט זי גענומען קנאַקן אָפּן פײַער.

אָ, — זאָגט דאָס ווײַב — זעסטו, זײַן גוואורע איז פאַרברענט
געוואָרן.

וועקט אויף עריק כיראַנען:

— קום זיך שלאָגן!

יענער איז געווען אַ שלעפּעריקער. האָט ער געגעבן אַ
הוסט, האָט זיך עריק דרײַ מאָל איבערגעקערט.

איז שוין עריקן געווען אַ כאַרפּע די גאַס דורכגיין. ווי
אַזוי מאַכט מען, אַז כיראַן זאָל מער אַהער ניט קומען?

האָט ער געקלערט און געקלערט, ניט געשלאָפן אַ נאַכט איינע, ניט געשלאָפן אַ נאַכט צוויי.

און האט באַקלערט.

גענומען אָנגעלייגט אַ טאָרבע ברויט, און אַ טאָרבע ווייז, אַף איין אַקסל איין טאָרבע, אַפן צווייטן די צווייטע, און וואַרט דער בעטלער. זאָל דורכגיין.

ערשט יענער גייט.

— נאָ, — זאָגט עריק, — אַ ברויטעלע.

אַריינגעוואָרפן כיראַן אין מויל אַריין.

— נאָ, אַ טרונק.

אַריינגעגאָסן אין מויל אריין.

עריק גייט פּאַמעלאַך, און יענער גייט נאָך. אַ ברויטעלע אַריינגעוואָרפן, אַ קוואָרט ווייַן אַריינגעגאָסן, און אַזוי פאַרפירט כיראַנען אין וואלד אַריין. איז פּונקט דורכגעגאַנגען דער בער אַף די דריי פיס. דערזען כיראַנען, האָט ער אַ רעווע געטאָן, זיינען אַלע כאַיעס זיך צונויפגעלאָפן און זיך גענומען מיט כיראַנען שלאָגן. האָבן זיי זיך געשלאָגן און געשלאָגן. איינער קען דעם צווייטן ניט איינגעמען. שלאָגן זיי זיך נאָך אי היינט.

און ווער ס'וויל כיראַנען אליין מיט די אויגן זען, מוז אַ קעפּל קרויט צועסן און די מאַיסע פאַרגעסן.

---

# דער בלינדער

געווען איז אין אַ דאָרף אַ ווייבל, האָט זי קיין קינדער ניט געהאַט. איר מאַן איז געווען אַ בלינדער, פלעגט ער אַגאַנצע וואָך אַרומגיין איבער די דערפער בעטלען און זונטאָג אָדער יאָנטעוו אַהיים קומען. קומט ער אַהיים, צעשרייט זיך אויף אים די נייבע און איז בייז אַגאַנצן זונטאָג און אַגאַנצן יאָנטעוו. האָט ער פאַרשטערטע יאָנטייוון, דער בלינדער, איז ער אָבער אַ גוטער, שווייגט ער און שווייגט, רוקט אָן די היטל און וואַרט ביז סע ווערט אויס יאָנטעוו, נעמט ער די טאָרבע מיטן שטעקן און גייט אַוועק איבער די דערפער.

איינמאָל גייט דער בלינדער אַהיים אויף יאָנטעוו, טראָגט אַ טאָרבע מיט ווייצענער מעל און איינע מיט גערשטענער, די לירע הייגגט אים בא דער זייט. ער האָט דערטאַפּט מיטן שטעקן זיין גאַס, איז ער געוואָרן זייער פריילאַך. ערשט די ווייב איז אַרויס פאַרן טיר און האָט גענומען אויף אַ קאָל שרייען און זיך שעלטן. איז געוואָרן דעם בליגדן אַ כאַרפּע פאַר די שכיי-נים און ער האָט שוין ניט געקאָנט אײַנשווייגן.

רופט ער זיך אָן:

— אַלע דערפער בין איך אויסגעגאַנגען און אַזאַ בייזע ניט באַגעגנט. זאָג, פאַר וואָס שעלסטו זיך? מעל האָב איך

געבראַכט אי ווייצענע, אי גערשטענע, און געלט אויך אין טיכל.

— איך דאַרף ניט, זאָגט זי — דיין געלט — איך דאַרף ניט דיין מעל — אַ קינד דאַרף איך! אַלע שכיינים האָבן קינדער און איך האָב ניט!

— טאָ וואו זאָל איך דיר נעמען — האָט זיך דער בלינדער פאַרשעמט...

— גאַנווע אַ קינד און ברייַנג מיר — ס'ניט מיין אייסעק!

איז אַוועק דער בלינדער איבער די דערפער און קלערט עפשער איז זי גערעכט. ער וועט צוגאַנווענען ערגעץ אַ קינד. ווער ס'האָט אַ סאַך, וועט האָבן ווינציקער מיט איינעם.

גייט ער און גייט. פּאַשעט אַ אינגעלע שאָף אין פעלד. זעצט זיך אַנידער דער בלינדער אָף אַ שטיין און נעמט שפּילן אָף דער לירע. יאָגן זיך אָן די שעפּעלאַך צו אים און דער אינגל איז נאָך גאָר אַ קליינער. רופט זיך אָן דער בלינדער:

— אינגעלע, אינגעלע, ווער איז דאָ פאַראַן אָפן פעלד?

— קיינער — זאָגט דאָס אינגעלע — נאָר איך און מיינע שעפּעלאַך.

— אינגעלע, אינגעלע, — זאָגט דער בלינדער, — קום צו מיר אין טאָרבע, וועל איך דיך פאַרטראָגן צו מיין ווייב.

— איך וועל ניט גיין, — זאָגט דאָס אינגעלע.

— פאַרוואָס?

— אַזוי. איך בין נאָך גאָר אַ קליינער, און בא דער מאַמען בין איך איינער; איך וועל ניט קומען אַ היים, וועט זי ניט ווּיסן וואָס צו קלערן.

— גערעכט — זאָגט דער בלינדער — פיר דיינע שעפּעלאַך וואו דו פירסט, — און איז אַוועק ווייטער.

זיצט אַ מיידעלע אין פּאַשעט געבז. זעט ער ניט, דער בּלינ־דער. זאָגט ער:

— ווער בּיסטו — אַ אינגעלע, צו אַ מיידעלע?

— אַ מיידעלע.

— און ווי אַזוי הייסטו?

— איידעלע.

— ווּעסט גיין, איידעלע, צו מיר אין טאָרבּע? איך וועל דיך פאַרטראָגן צו מיין ווייבּ.

— איך וועל ניט גיין.

— פאַרוואָס ווּעסטו ניט גיין?

— דערפאַר. איך בּין נאָך גאָר אַ קליינע, און בּאַ דער מאַ־מען בּין איך איינע. איך וועל ניט קומען אַ היים, וועט די מאַמע ניט וויסן וואָס צו קלערן.

העלפט ניט. אַוועק דער בּלינדער מיט אַ ליידיקער טאָר־בּע אַ היים.

דערזעז די ווייבּ ער גייט ליידיק, איז זי אים אַרויס אנקעגן מיט אַ שטעקן און זאָגט:

— בּעסער ניט גיי, אַז ניט וועל איך דיר דעם קאָפּ צעשפּאַלטן.

גענומען דער בּלינדער און אַוועק צוריק.

געגאַנגען און געגאַנגען, אויסגעגאַנגען אַסאַך דערפער און קליינע דערפעלאַך, און קיין קינד וויל אים קיינער ניט געבן.

איינער זאָגט: „איך דאַרף פאַר זיך“.

אַ צווייטער זאָגט: „בּאַ מיר איז קיין איבּעריקע ניטאָ“.

אַ דריטער זאָגט: „דו גייסט ניט אַוועק, בּלינדער, אַז ניט ווּעלן מיר דיך אין טפיסע פאַרזעצן“.

אַוועק דער בלינדער אין וואַלד און זיך אַוועקגעזעצט אף אַ בערגל און גענומען וויינען ווי סע איז אים צוגעקומען. און אַזוי ווי ער ווײנט, האָט אים אויסגעבראָכן אַ וואַרעמער קוואַל טרערן פון די אויגן און ער האָט דערזען אַ שיין פּאָר זיך.

זעט ער — אַ וואַלד שטייט.

זעט ער — אַ בער גייט, און אַפן בער זיצט רייטנדיק אַן אַלטער־אַ קאַלטער מיט אַ לאַנגער האָרד אין צעפּ פאַרפלאָכטן און קרימט זיך:

— בלינדער, האָסט ניט קיין קינדער!

— בלינדער, האָסט ניט קיין קינדער!

געוואָרן אין קאַס דער בלינדער, און בלינד איז ער שוין ניט געווען. האָט ער געכאַפּט דעם שטעקן און געגעבן אַ זעץ דעם אַלטן־דעם קאַלטן, איז יענער אַראָפּגעפלויגן פונ׳ם בער און זיך אַוועקגעקייקלט. אַרוף דער בלינדער אַפן בער, די טאָר־בעס האָט ער צעוואָרפן איינע אין איין עק און איינע אין אַ צווייטן עק און געלאָזן דעם בער פריי גיין. אַוועק דער בער און אַוועק און פאַרפירט דעם בלינדן צו אַ הייל. גייט אַרײַן דער בלינדער אין הייל און דערזעט קינדערלאַך זיצן דאָרט און וויינען. פרעגט ער זיי:

— וואָס טוט איר דאָ, קינדער?

דערציילן זיי, די קינדער:

— מיר האָבן ניט קיין טאַטן, ניט קיין מאַמע. אַן אַלטער־אַ קאַלטער מיט אַ לאַנגער באָרד אין צעפּ פאַרפלאָכטן האָט אונז פאַרשפּאַרט אַהער און לאָזט אונז ניט אַרויס.

גענומען דער בלינדער, צעעפנט די הייל און רופט זיך אָן:

— ווער סע וויל, קען גיין נאָך מיר.

אַוועק די אינגעלאַך נאָכן בלינדן, און דער בער האָט זיי ביזן דאָרף באַגלייט.

דער ווייב האָט עמיצער אָנגעזאָגט, איז זי אַרויס אַנקעגן מיט גרויס פרייד, אופגענומען דעם בלינדן מיט די קינדער און פאַרפירט זיי גלייך אין שטוב און פאַרן דאָרף האט זי אַ סודע געמאַכט. וויל קיינער ניט גלויבן, אַז דער בלינדער איז זעענדיק געוואָרן. האָט מען אויסגעזעצט די קינדער אַרום טיש, דעם בער געלאָזן גיין און אים גענומען אויספרעגן:

— אַ וועלכער אינגעלע איז דער?

— אַ ווייסער.

— און אַ וועלכער איז דער?

— אַ רויטער.

— און וואו איז דער בער?

— אָט גייט ער.

האָט מען געזען אַז ס'אַניעמעס, האָט מען גענומען פרייען זיך און די סודע פראַווען.

מיין זיידע איז געווען אַניאַלטער פאַרשוין,

הונדערט יאָר אים געווען און עפשער נאָך מיין,

האָט ער געבראַכט דעם בער אַ מאַטאַנע אַ שליטן

און געווען אף דער סודע דער גרויסער מעכוטן.

# די מילנערס

(א מייסע אין עטלאכע טיילן)

## ערשטע טייל

אין יענעם אנימאלטן, גאר אמאל, האט אין איינעם א דארף געוואוינט א דייטש א מילנער. בריט האט ער געהייסן. געווען איז ער הויך ווי אלע הויכע און גרויס ווי אלע גרויסע. געהאט א ווייב און א איינאונאיינציקע טאכטער א באסיכידקע. כוץ דעם האט ער געהאט הייזער און שטאלן, פערד און בהיימעס, גענז און קאטשקעס, און וואס נאר א מויל קען אויסריידן פון שטובי־קע כאיעס איז בא אים אין הויף ארומגעגאנגען.

די מיל זיינע איז אונטערן דארף אין מיט פעלד געשטאנען מיט גרויסע צעלאזענע פליגל. טוט נאר א קליין ווינטעלע א בלאז, בעמען זיך די פליגלען דרייען, און פון דער געגנט פון גאר ארום לאזט מען זיך מיט זעק און זעקעלאך אין מיל אריין. ווער ס'האט אָקסן, שפאנט ער, און ווער ניט — פארווארפט דעם זאק אף די פלייצעס און טראגט.

די מיל האט געמאלן און דער דייטש איז פון טאג צו טאג רייכער און גרעבער געווארן. איז ער אבער א בייזער, דער דייטש, געווען און אזא באטור געהאט: בריינגט א געמיינער מאן א קליין זעקעלע טוואוע — ניט מאלן און פון מיל דורכטרייבן. בעט אים

דאס ווייַב ניט טרייַבן קיין געמיינע לייט, ווערט ער אף איר בייז. קומט אים די טאכטער בעטן, קען ער איר ניט אפזאגן, וויל זי איז בא אים זייער טייער. האבן שוין די געמיינע לייט געוואוסט: ניט געגאנגען אין מיל, נאר געגאנגען פריער אין דארף אריין צו דער טאכטער.

גיט אלע־יארן זייַנען גלייך. קומט אן א יאר א הונגער־יאר. אף די פעלדער האט קיין ברויט ניט געראטן. פוסטע שטרוי די זאנגען, אי דאס ווייניק: די רייכע האבן צו איינע פורן אראפגעפירט און די געמיינע האבן אין א בינטל פארטראגן. וויינען אלע דערפער ארום, מע קלייבט ניס און זשאלודן, מע זוכט אלע אייצעס ווי זיך פון הונגער פארהיטן. און ברייט דער מילנער ליגט אפן פעלד נעבן מיל, בייז און ברויגעס, און וויל קיינעם אין מיל אריין ניט לאזן: קליינע זעקעלאך טוואורע בריינגט מען. קומט דאס ווייַב בעטן, טרייַבט ער זי דורך. און אפילו די טאכטער וויל ער ניט הערן — אזוי איז ער צערייצט.

ליגט ער אזוי איינמאל אפן פעלד און די היצט זיינע די בייזע דרייען זיך ארום אים. פאלט אף אים אן א שלאף און סכאלעמט זיך אים:

א פויגל מיט פיר גרויסע פליגל איז געקומען צו אים, געבראכט צוטראגן א קליין זעקעלע טוואורע און שטייט צו אים צו: מאל און מאל!

טרייבן אים קען ער אים פון זיך ניט אפטרייבן. כאפט ער דעם שטעקן און דערלאנגט א זעץ דעם פויגל און אים אפגעזעצט א פליגל. דער פויגל קריכט אלץ א צווייטן זעץ און אפגעזעצט נאך צוויי פליגלען, און דער פויגל שרייט ניט אפ. ווערט ער שטארק אין כעס און פארווארפט דעם שטעקן אף אים טרעטן אין כעס אריין און אים דערהארגענען צום טויט. ערשט

דער פויגל כאַפּט זיך אַרויף צו אים אויפֿן האַרצן און נעמט אים וואָרגן, רייסן פֿאַרן גאָרגל — אָט־אָט דערוואָרגט ער אים. פֿאַר שרעק האָט זיך דער מילנער אויפֿגעכאַפּט פֿון זײַן בייזן כאָלעם, זיך אַרומגעקוקט און גיך אַוועק אַהיים דעם כאָלעם דערציילן. דערציילט דעם כאָלעם, ווײַל אים דאָס ווײַב עפּעס נעמען זאָגן, ווייסט ער אַפּריער וואָס זי וועט זאָגן און ער הייסט איר שטומען. הייבט אָן די באַסיכידע ריידן, דערוויסט ער זיך וואָס זי וויל זאָגן און אַנטלויפֿט פֿון שטוב.

לויפֿט און לויפֿט גלײַך אין פֿעלד אַרײַן, וווּ די מיל שטייט. ער לויפֿט, און אַ בינטל כמאַרעס ווי זעק שוואַרצע האָבן אָנגעצויגן, זיך גענומען צעוויקלען איבערן הימל און שפּאַרן זיך צום מיל. געוואָרן אויף אַ רעגע פֿינסטער דער טאָג, די פּאַסטוכער האָבן זיך גענומען רוקן מיט די טשערעדעס אַהיים. וועז ס׳איז וועג געווען, האָט זיך גענומען זוכן אַ אָרט ווי זיך פֿונם שטורעם פֿאַרשטעלן. דאָס פֿעלד איז געוואָרן שמאָל און די מיל נידעריק. ברייט קוקט ניט — לויפֿט אין מיל. פֿון־וואַנען־פֿון־וואָס יאָגט אַרויס אַ באַהאַלטענער ווינט, טוט אַ ריס־אָפּ אַ פֿליגל פֿון מיל און טראָגט דעם מילנער צו די פּיס. רייסט אָפּ אַ צווייטן פֿליגל און וואַרפֿט אים אויפֿן צווייטן פֿעלד. דער מילנער לויפֿט אין מיל זיך באַהאַלטן, יאָגט אַרום איבער אַלע ווינקלען און קאָן זיך קיין אָרט ניט געפֿונען. ער קריכט אין קויש, איז איינג. שלעפּט ער אַ זאַק אויפֿן קאָפּ, איז דער זאַק אַ לעכעריקער. און אין דרויסן האָט אַ דונער זיך אַ בייזער געגעבן, האָט די מיל אָנגעהויבן טרישטשען. אַ צווייטער דונער האָט געגעבן אַ זעץ, האָבן זיך צעבראָכענע טעפּ גענומען שיטן איבערן קאָפּ. און טראָפּנס איינגעהאַלטענער רעגן פּיקן מיט אײַנגעהאַלטענעם קאַס אין דאַך, רייסן זיך און קענען זיך ניט אַרויסרייסן. ביז ס׳האָט דער

דעכטער דונער געטאָן און א בליץ האט די מיל אנגעצונדן, אופגעריסן און צעבראכן אף שטיק־שטיקלאך. א וואַרימער גאַס־רעגן איז אוועק און דעם מילנער פאַרשווײַנקט אָן א זײַכער און אָן א געבײַן.

---

## צווייטע טייל.

די ווייב מיטןדער טאכטער האבן אפגעווײנט דעם ערשטן כוידעש און דעם ערשטן יאר און אופגעהערט. לעבן האבן זיי ניט געהאט פון וואס — ברייט האט די אויצרעס זײַנע פאַר־גראָבן און קײנעם ניט אויסגעזאגט וואו. פלעגן זיי פון דער צע־בראכענער מיל די האלץ קלײַבן, אי דאס ווען קײנער זעט ניט, און טראגן אין שטאט אריין פאַרקויפן.

אין א נאענטן דאָרף, ניט ווייט פון מיל האט געוואוינט א יונג א שמיד. א גרויסער גיבויר איז ער געווען. מיט דער רעכ־טער האנט האט ער געקענט א בוים אויסברעכן און מיט דער לינקער אין צווייטן וואלד אים פאַרטראגן.

אײנמאל, ניט פון וואנען־ניט פון וואס, ווייס ער ניט וואס אים איז, זיצט ער אפן באנק לעם קוזניע, וויל קײנעמס ארבעט ניט נעמען און שווייגט. די מוטער האט געוואוסט וואס אים פעלט, קלערט זי: זי וועט שווייגן, זאל ער זיך שטארקער פאַר־בײַנקען. זיצט דער שמיד א טאג, זיצט צוויי. ניט ער עסט, ניט ער טרינקט. דער האלז איז אים צעכראסטעט און אלײן ווערט ער שיר ניט צעריסן פאַר בײַנקשאפט. זעט די מוטער — מע קען ניט מער, רופט זי זיך אָן:

— גיי, מײַן זון, אהין וואו ברייטס מיל איז געשטאנען, זעץ זיך אוועק אפן שטיין. אז די לעוואנע וועט אופגיין, וועסטו עפּעס זען.

אוועק דער יונג אהין וואו ברייטס מיל איז געשטאנען, זיך אוועקגעזעצט אפן שטיין און געווארט. די לעוואנע איז ארויס־ערשט פלארא, ברייטס טאכטער, קומט אן האלץ קלייבן. די לעוואנע שיינט — און איר פאנים איז שענער. ווי א גלייכער בוים האט זי זיך אוועקגעשטעלט און גענומען זיך ארומקוקן. דער־זען זי דער יונג, אז אזא איז זי, פלארא, — טוט ער א זאג:

— פלארא! א שטאט וועל איך כארעוו מאכן און צען וועל איך אויסבויען. זיי מיין ווייב!

קלערט פלארא און קלערט און רופט זיך אן:

קיין שטאט דארף מען ניט כארעוו מאכן, קיין צען דארף מען ניט בויען — בוי אויס די מיל, וועט זיין גענוג פון אונ־זערט וועגן.

אוועק דער יונג אין וואלד און האט גענומען ברעכן בוימער מיט דיווארצלען אינאיינעם. מיט איין האנט ברעכט ער אויס א בוים און מיט דער צווייטער ברענגט ער אים צוטראגן. אנגע־ווארפן פאר דער נאכט א פולן פלאץ מיט בוימער. דארף מען בויערס זאלן קומען די מיל בויען. גייט ער אוועק אין דארף, רופט אוף די בויערס:

— גייט בויט מיר אויס ברייטס מיל. פריער האט זי גע־מאלן פון איין קויש, איצט זאל זי מאלן פון פיר קוישן.

— מירן זיך באקלערן — זאגן די בויערס און זיך צעגאנגען. געווען זיינען זיי אף ברייטן אין קאס און ניט געוואלט ברייטס מיל בויען.

קלערט זיך דער שמיד:

— איר וועט שוין דאווקע גיין די מיל בויען. און א גע־זונטער איז ער געווען, צו זעקס פינגער האט ער געהאט אף די פיס און צו זעקס אף די הענט. האט ער נאר דערהיט די

בויערס זייַנען אַוועק אויפֿן פֿעלד, האָט ער גענומען שטריק, פֿאַר־וואָרפֿן אויף זייערע הייזלאַך און פֿאַרטראָגן אין צענטן דאָרף אַרייַן.

קומען צו גיין די בויערס.

וואו זייַנען זייערע הייזער?

קיין פֿייַער האָט ניט געברענט, קיין רויך איז ניט געגאַנ־גען, און ליידיקע פּלעצער שטייען מיט נאַקעטע אויוונס און קיין הייזער זייַנען ניטאָ.

לויפֿן זיי אַוועק צום שמיד.

— קער אונדז אום, שמיד, אונדזערע הייזער, וואו וועלן מיר אונדזערע ווייַבער מיט די קינדער אַהין טון?

— און ווער וועט גיין די מיל בויען?

— מיר וועלן גיין.

— גוט.

האָט ער זיי געבראַכט די הייזער, צוריק אויף די קוימענס אַנגעטאָן גאַנץ, ניט גערירט, און דער דאָרף איז אַוועק די מיל בויען. זעגערס האָבן געזעגן, העקערס האָבן געהאַקט און בוי־ערס האָבן געבויט. האָט נאָך דער שמיד אַ גרויסן קעסל אַראָפּ־געבראַכט, האָט מען אים אין ציגל אייַנגעמויערט, אויף די רעדער פּאַסן אַנגעצויגן און אַ גרויסן קוימען אויפֿגעשטעלט. קען קיי־נער די שטיינער ניט אַרופֿטראָגן. גענומען דער שמיד אויף איין האַנט איין ראָד, אויף דער צווייטער דעם צווייטן — אַזוי אַלע אַכט שטיינער אַנגעטאָן, טוואָרע פֿאַרשאָטן און איידער מ׳האָט די מיל געלאָזן, האָט דער קעסל אַ פֿייַף געטאָן און אויפֿגערופֿן די שכנים בראָנפֿן טרינקען.

האָט פֿלאָראַ צו די שכנים אַזוי געזאָגט:

— זייַט אונדז מוחל, שכנים, אונדזער טאַטנס בייזקייט. — דעם טאַטנס מיל האָט געמאָלן פֿון איין קויש און אונדזערע וועט

מאלן פון פיר. די פארמעגלאַכע וועלן מיט טוואוע אפשיטן און די איבריקע וועלן מאלן אומזיסט.

— רעכט אזוי! — האבן די שכײנים אוסגערופן. — זאלן אלע דערפער קומען די כאסענע פראווען.

זײנען אלע דערפער געקומען. אַזא כאסענע איז שוין לאנג אין דער געגנט ניט געווען.

הונט האבן גאנצע טארטן געטראגן און ווײן הונדערט עמער. אײנער האט אונמיסטן געצײלט.

און גוט איז געווען און וואויל. דא ענדיקט זיך פון דער מאיסע די צווייטע טײל.

---

# דאס מיידעלע
# וואס פארקויפט שפענער

איר קענט דאס מיידעלע וואס פארקויפט שפענער? איך קען זי. איר טאטן האט מען צוגענומען אין סאלדאטן, די מא־מע איז אוועק דינען, געבליבן איז זי מיט איר קליין ברודערל אליין אין דער היים.

איין שטיק ברויט האבן זיי געהאט. האבן זיי געגעסן דעם שטיק ברויט און געגעסן, דעם ברודערל א שטיקעלע, דעם מיי־דעלע א שטיקעלע. ביז איינמאל אפדערנאכט דעם ברודערל דאס לעצטע שטיקל ברויט אפגעגעבן, אים שלאפן באלייגט און אליין זיך לעבן אים אוועקגעזעצט. זיצט דאס מיידעלע און קלערט וואס וועט זי טון, מ׳וועט דארפן דעם ברודערל אנבייסן געבן און אליין איז זי אויך הונגעריק. קלערט זי א שעה און קלערט צוויי, אזוי אפגעקלערט א גאנצע זומערדיקע נאכט. זי טוט א קוק — שוין טאג אין דרויסן, גייט זי ארויס אין דער שטיל פאר דער טיר און פארן הויף. שטיל איז אין גאס, די בוימער זיינען נאך געשלאפן.

קוקט דאס מיידעלע און קוקט — ערשט אנ׳אלטינקע גייט איר אנקעגן, אף א שטעקן אנגעשפארט, פירט א הינדעלע נאך

זיך און אינדערפריענדיקע מיידלאך בארוועסע גייען איר נאָך אין אַ שערייִנגע. דערזען די באָבע דאָס מיידעלע אַזוי אומעטיק שטיין, שטעלט זי זיך אָפּ לעם איר.

— וואָס איז, מיידעלע, דיין זאָרג, און וואָס איז דיין נויט, און וואָס זייַנען דייַנע אויגן אַזוי פאַרוויינט?

צעוויינט זיך דאָס מיידעלע איבעראַנייס. הייסע טרערן פאַלן איר אָף די באַקן און זי זאָגט:

— מ׳האָט צוגענומען דעם טאַטן פאַר אַ סאָלדאַט, די מאַמע דינט אינדערפרעמד. דעם שטיקל ברויט האָבן מיר אופגעגעסן און וואָס וועל איך געבן דעם ברודערל עסן?

קלאַפּט די אַלטינקע מיטן שטעקן אין דער ערד און זאָגט:

— זאָרג ניט, מיידעלע. ניט וויין און ניט קלאָג — מיר גייען אין וואַלד אַריין שפּענער קלייבן, קום מיט אונז.

— און אַף וועמען וועל איך דעם ברודערל לאָזן?

— הינדעלע ראַבע — זאָגט די אַלטע — וועט אַפּן שטוב אַכטונג געבן און מיטן ברודערל זיך שפּילן.

אויסגעפלאָכטן דאָס מיידעלע אַ שטריק פון גראָז, אָנגעזאָגט הינדעלען זאָל אַפּן ברודערל אַכטונג געבן און איז אַוועק מיט די מיידלאַך אין וואַלד.

איז געבליבן הינדעלע אין שטוב, האָט זי מיטן לאַפּקעלע דאָס וויגעלע צוגעוויגט, מיט אַ פליגעלע די שטוב פאַרקערט; האָט זיך אַ פליג איבערן וויג געשטעלט, האָט הינדעלע מיט שפּיץ פעדערל גרינג אַראָפּגעטריבן.

און דערווייל האָט דאָס מיידעלע פאַרטראָגן שפּענער אין שטאָט אַריין, אויסגעביטן אַף ברויט און געבראַכט צוטראָגן, האָבן זיי אַלע געגעסן.

גייט איינמאָל דאָס מיידעלע מיט די אַלע מיידלאַך אין וואַלד און הינדעלע איז אין שטוב געבליבן.

יעדערע האָט אופגעלייגט איר בינטל שפענער, אף די פּלייצעס גענומען. פון־וואַנען־פון־וואָס קומט אָן דער פּאָרעץ מיט די הינט די בייזע און רופט זיך אָן צו די מיידלאַך:

— ווער האָט אייך ערלויבט דאָ שפענער קלייבן — איר האָט דאָ אָנגעגרייט?

רופן זיך אָן די הינט די בייזע:

— דער וואַלד געהער אונזער גרויסן פּאָרעץ, די שפענער געהערן אונזער גרויסן פּאָרעץ! זאָל זיך מער אייער פוס אַהער ניט ווייזן, אז ניט ־ וועלן מיר אייך צעבייסן — אף שטיקלאַך צערייסן.

אַראָפּגעלאָזן די מיידלאַך די שפענער, דאָס מיידעלע האָט אויך איר בינטל אַראָפּגעלאָזן און אַוועק ליידיק אַהיים. דער פּאָרעץ האָט נאָך די שטריק אויך צוגענומען. קומט דאָס מיידעלע אַהיים, האָט ניט וואָס געבן דעם ברודערל עסן, קען זי אין שטוב ניט אַריין, זעצט זי זיך אַנידער פאַרן טיר און זיצט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן און פאַרקלערט. קומט צו גיין די אַלטע אַפן שטעקן אָנגעשפּאַרט און רופט זיך אָן:

— מיידעלע ־ קליידעלע, וואָס ביסטו אַזוי אומעטיק, און וואָס זיצטו דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן?

דערציילט דאָס מיידעלע: דער פּאָרעץ מיט די בייזע הינט האָט פון וואַלד דורכגעטריבן, די שטריק צוגענומען און אָנגעזאָגט מער זאָל זיך קיין פוס אַהין ניט ווייזן.

— ניט געזאָרגט — זאָגט די באָביצע — גיי אין שטוב. דאָס הינדעלע האָט דיך פאַרזאָרגט אַפן טאָג, און מיטן פּאָרעץ וועלן מיר זיך אָפּרעכענען.

אַוועק דאָס מיידעלע אין שטוב און זעט דאָס הינדעלע האָט אַנ׳אייעלע געלייגט, אַ גרויסן, קימאַט אַ גענזענעם. האָט זיך דאָס מיידעלע דערפרייט, געגעסן מיטן ברודערל, געגעסן און נאָך איבערגעלאָזן. און הינדעלע איז אַוועק צום פּאַרעך. האָט זי דורכגעבראָכן זיבן פלייטן פונם פּאַרעכס הויף און זיבן ווענט פונם פּאַרעכס פּאַלאַץ און אַריין צום פּאַרעך אינם אינע־ווייניקסטן צימער, וואו דער פּאַרעך האָט זיך צוגעלייגט נאָכ׳ן עסן.

אַרופגעשפּרונגען דאָס הינדעלע צום פּאַרעך אויפן בעט און רופט זיך אָן:

— דו אַזוינער און אַזוינער! פאַרוואָס טרייבסטו מיט דיי־נע בייזע הינט די קינדער פון וואַלד?

דער וואַלד איז ניט דיינער און די שפּענער זיינען ניט דיינע!

כאַפּט זיך אויף דער פּאַרעך און זאָגט:

— איך פרעג בײַ דיר קיין דייעס ניט!

— דו פרעגסט בײַ מיר קיין דייעס ניט?

גענומען דאָס הינדעלע, געגעבן אַ פּיק און אַרויסגענומען בײַם פּאַרעך דאָס רעכטע אויג. וויל דער פּאַרעך רופן די הינט זיינע די בייזע. גענומען דאָס הינדעלע, געגעבן אַ פּיק און אַרויס־גענומען בײַם פּאַרעך דאָס לינקע אויג.

האָט גענומען דער פּאַרעך זיך בעטן:

— טייערע הינדעלע, געטרייע, קער מיר אום מיינע אויגן.

זאָגט דאָס הינדעלע:

— ווער ביסטו, אַ פּאַרעך?

— ניין, איך בין ניט קיין פּאַרעך.

— און דער וואַלד איז דיינער?

— ניין, ניט מיינער.

# אינהאַלט